קעהאָס קליגער

# מיינע ליבע-בריוועלעך צו פרומעטן

**K E H O S   K L I G E R**

# MAINE LIBE - BRIVELEJ TZU FRUMETN

(MIS CARTAS DE AMOR A FRUMET)





Impreso en la Argentina
Printed in Argentine

**Buenos Aires 1952**

* *
*

ויהי, און ס׳איז געווען, אַז נאָך אַזויפיל שניי און בעז, וואָגל־שטויב און פאַראָבלטקייט; נאָך אַזויפיל תליות, בלוט און קריעה־ריס אויפן אָנגעטרערנטן פנים פון מיין דור, — האָב איך אין מיין ברעניקן דאָרשט נאָך אַ כוסהלע חיי־שעהיקער טרייסט און מנוחה, מיך מהנה געווען מיט אַ זשעדנעם קוק דורך אַ זוניקער שפּאַרונע אויף די אָנגעראַזטע שייבלעך פון מיין ווייט־אָפּגעשפּאַנטער בחורישקייט, אין מיין כמעט דריי צענדליק שוין אָפּגעחלומטן עבר אַריין.

טו איך אָן דאָס אָקערשט דערבליקטע, דורכגעפּילטע און דורכגעפּיבערטע אין סאַמע וואָכעדיקן לבוש פון מיין טאַטע־מאַמעס פאַרסלאַווישטן לשון — פּשוט און וואָרהאַפּטיק, ווי פּשוט און וואָרהאַפּטיק ס׳איז געווען, מיט אַלע לירישע בענקשאַפטן, אַן ערשטע פאַרכלינעטע ליבשאַפט פון אַ נאַאיוו־פאַרפרומטן בחורל אַ פּופּצניאָריקס, העט דעמאָלט אויף די אידילישע קאַנטן פון מיין חצי־חסידיש, חצי־מתנגדישער, גרין־געטונקענער וואָליניע.

און ווי עכט, נאָסטאַלגיש־שיין, מלא־חן און מלא־חידוש אַנטפּלעקט זי זיך, אין זיבן־זוניקער שטראַליקייט, די דאָזיקע לויטערע יינגל־ליבשאַפט איצט, מיט מאַרך און געביין אויפן נאַקעטן פעלדז פון מיין פאַראינדזלטן עלנט, אין ערשטן האַלב־טאָגיקן שאָטן פון כד וכך אָפּגעזונטע און אָפּגעלבנהטע נעכטנס און אייערנעכטנס.

זאָג איך, ווי מאָדנע־גוט איז צו דערבליקן די־אָ זשעדנע יינגלשע ליבע־שײַנקײַט, וואָס דערהייבט, דערלײַטערט און באַרוט, ווי אַ תּפֿילה־זכה; צו דערכאַפּן די בלענד־אָנגעפּלאַ־טערטע רגעס פֿון אַ כּזית אָפּגעחלומטקייט נאָך דעם, ווען דער ווייס־וויאָלעטער בעז האָט זיך אָנגעצונדן ווי שרויט, דער ראָז־בלאָוער שניי איז געוואָרן צו זשאַר און אַש הינטער די מאוימדיקע שײַטערס און הויפֿנס בראָכוואַרג פֿון מײַן פֿאַרחרובטער יידן־וועלט, אין עמק־הבכא פֿון אייגענעם אומגעהייערן וויי.

זאָג איך שוין אויך, אַז די דאָזיקע כּמו אין פֿאָלקס־טאָן און בנשימה אחת אויפֿגעצייכנטע ליד־בריוועלעך האָב איך איבערגעלאָזט, ווי זיי האָבן קוואַליק אַ שטראָם געטון, אין זייער ערשטן דמות און פֿאָרמע, בכדי אויפֿצוהאַלטן זייער וואַרעמען אָטעם און זייער לעבעדיקע פּשטות אויף דער פּיל־קאָלירקער פּרימאָרגן־קאַנווע פֿון מײַן פּופּצניאָריקייט, — אָט יענעם שלל פֿון ניואַנסן אויפֿן פֿולן פֿאַרבן־ברעט פֿון מײַן דעמאָלט אָנגעיידישטער היים און ישיבֿה־בחורישער וועלט.

בוענאָס איירעס, אויגוסט 1952

...„די ביימער שטייען מיט פידלען,
ווי קלעזמער עלעהיי.
איינער ווערט דער זילבער־שאָטן,
כאָטשע מיר זענען צוויי“.

# שנײ

א.

קוק נאָר, פּרומעטל, ווי ס'שיט אַ שנײ,
ס'זופּט זיך מעל פונעם הימל;
דאָס געסל, דאַכט זיך, איז אַ מיל,
אַן אַלטע מיל, וואָס דרימלט.

זע נאָר דעם דאַך, ווי ווײַס ער איז,
אויף דער רויך פון קוימען.
אוי, דער לאַמטערן זעט דאָך אויס,
ווי בערטשע מילנער כדומה.

זע נאָר דער חזנטעס עפּלבוים,
אין ברייטן פוכקע היטל;
פּרומעטל, שטייסט דאָך אין אַ וועליער,
איך — אין אַ קיטל.

מאַמעניו, וואָס ער קאָן, דער שנײ,
אַלץ אויפטון שיינע זאַכן!
פון אונדז ביידע — אָט וועסטו זען,
איין אירע וועט ער מאַכן.

ב.

דרויסן שנייט. די ערד איז ווי אַ גרויס בעט
מיט פּערענעס און קישנס.
פרומעטל קרוין, זאָג נישט — ס׳איז שפּעט,
דער טאַטע וועט זיך דערוויסן.

ביים פענצטער שטיי איך. ס׳שנייט.
נאָר דורכן פירהענגל זע איך דיך, פרומעט,
אין ברייטן פראַנעלן קלייד,
אין בלוזקעלע מיט בלומען.

דרויסן שנייט. און איך אַליין —
ווי אַ מענטש פון שניי בין איך שוין, פרומעט!
קומסטו נישט באַלד, וועל איך דאָ צעגיין,
ווי דער שניי — פון אומעט.

## שאַטנס אויפֿן שניי

ווען כ׳גיי אַהיים מיטן לאַמטערן,
קוויטשען די שאַטנס אויפֿן שניי.
אוי, שרעקט דאָס מיך, פֿרומעטל,
אפֿשר חלילה צעטרעט איך זיי?

זיי לויפֿן פֿאָראויס, פֿון הינטן,
צומאָל גאָר יאָגן זיי מיך;
און איך הער זיי כסדר שרייען,
גלייב מיר, אונטער מײַנע שיך.

נאָר ווי גיך כ׳רייב אָן אַ שוועבעלע
און כ׳עפֿן תּיכּף די טיר,
זע איך זיי ווידער, די שאַטנס,
שוין אין חדר ביי מיר.

איז דאָ, אויף די ווענט און סטעליע,
קיין שאָרך איז נישטאָ פֿון זיי.
נאָר מאָרגן, ווען כ׳טראָג דעם לאַמטערן,
דערהער איך זייער געשריי.

כאָטשע ס׳איז, טײַערע, נישט קײן חלום,
דאַרף מען דאָס פּותר זײַן,
וואָרום אַלע נאַכט, ווען כ׳גײ אַהײם,
פאַלט דאָס האַרץ מיר אײַן.

וואָס דאַרף איך טון, פרעג דעם טאַטן,
זײ זאָלן מיך לאָזן צורו.
אפשר זאָל איך בודק זײַן די ציצית,
צי אַ קמיע וועט העלפן דערצו.

## ווינטער

כ׳שטיי ביים אויוון. אויף די פאַרקאָוועטע שויבן
זע איך אָן אַ שיעור פראָסט־אוזאָרן,
קווייטן און צמחים, — עפּעס ווי גאַנצע וועלדער
זענען אויף זיי פאַרפרוירן געוואָרן.

אין חדר איז שטיל. שטיל — ווי אין אַן אויער,
אָבער נישט וואַרעם. מיר פרירן די פינגער.
נעם איך מיר, טייערע, אין זינען דעם זומער
און ס׳ווערט מיר אַ טשוטיטשקע גרינגער.

(כ׳נעם מיר אין זין די סיוון־טעג אויף לאָנקעס,
די בלאָווינקע קרעניצעס אין ווילקע.
די מאַמע גיט מיר אַ לאַדישקע איינגעשטעלטס
און צו פאַרבייסן — אַ ווייכע גנילקע.)

כ׳שטיי ביים אויוון. די אוזאָרן ווערן בלאָווער,
מיט צעפּלעך אייז ציען זיי זיך איבער.
און הינטער זיי מיניען זיך פינטעלעך פייער
פון די לאָמפּן אין שכנישע שטיבער.

ס׳איז שוין צייט צו מנחה. אָבער מיינע שטיוול,
לעם אויוון — זענען אַלץ נישט טרוקן.
אוןביידע פיס, פּראַמע ווי שטיקער איין, פרומעטל,
זיי ציען מיר, איך זאָג דיר, מסוכן.

אין חדר איז טונקל. איך קוק אויף די אויזאָרן,
ווי ס׳טאַנצן אויף זיי די פייער־נקודות.
און מאָל דיר, ווי כ׳בין עס איצטער געפרוירן,
אַז כ׳וועל מנחה שוין דאַווענען ביחידות.

## חנוכה

כ׳ווייס נישט, פרומעטל, וואָס בין איך סמוטנע,
גראָד איצט ווען מ׳שפּילט אין דאַמקע?
(אויך אין י״ב קוויטלעך — צו גראָשנס,
נאָר מ׳האַלט אַן אויג אויף דער קליאַמקע.)

טאַקע, פאַרוואָס בין איך אַנדערש איצטער
פון חברה, וואָס איז אַזוי מונטער?
(צו זייער שפּילן, דאַכט מיר, אַפילו
די שאָטנס קוקן זיך אונטער.)

כ׳קוק אין דרויסן. די ווייסינקע שלווה,
די קופּקעס פאַרשנייטע שטיבער
טרינקען מיך אָן מיט ווייסער עצבות,
אַזשע די אויגן גייען מיר איבער.

אָסור, צי דאָס חנוכה־געלט, די לאַטקעס
ליגן מיר אַצינד אין זינען.
כ׳קאָן מיר אַליין נישט די סמוטנעקייט
מסביר זיין, אַ פּירוש געפינען.

אפשר פאַר די שטיוול — אָן פּאָדעשוועס,
מיין בעקעשע — אַלט און צעריסן;
צי מחמת פון בענקען צו דיר, טייערע,
ברי לי, כ׳קאָן עס נישט וויסן.

כ׳וויס, כ׳שטיי לעם פענצטער. די שטיבער,
זע איך, דרימלען ווי ווייסע בערן.
און כאָטשע היינט דאַרף מען זיך פרייען,
נאָגט עס מיך שיער נישט ביז טרערן.

# ביינאַכט

ס'איז שטאָק־נאַכט און כ'קאָן נישט שלאָפֿן.
דרויסן קלאַפּט אַ בייזער רעגן
און אַ ווינט, נישט קיין ווינט — נאָר שדים
טאַנצן אין סליאָטע אויף די וועגן.

כ'האָב געלייענט קרישמע, נאָר כ'האָב מורא
פֿאַרן ווינט מיט „נישט־גוטע".
און מיין מאַמע איז ערגעץ אין ווילקע,
מיין טאַטע — אין סלאַוווטע.

רייד צו מיר, כ'וועל דיך הערן דורכן רעגן,
ביז ס'וועט נעמען שאַריען.
דרויסן איז פינצטער און דורך די שויבן
שאָטנס — ציען און ציען.

כ'האַלט אָפּן אַ ספר. כ'קוק אויף די מזוזות,
„אל תירא" טו איך זאָגן.
פרומעטל, רייד צו מיר, כ'בעט דיך, דורכן רעגן,
ביז ס'וועט אָנהייבן טאָגן.

ס׳וועט מיר בעסער זיין איצט, ווען אַ זאַווערוכע
דרייט מיט „נישט־גוטע״.
אַי, פאַרוואָס בין איך נישט מיט דער מאַמען,
מיטן טאַטן — אין סלאַוווטע.

## שבת שירה

דער שניי קאַפּעט שוין פון די דעכער
און די זון טריקנט זיי אויס.
די קוימענס, דאַכט זיך, שטייען העכער,
ווען מ׳זעט די שינדלען אַרויס.

זי האָט נישט קיין טעות אין ספירה,
די זון, קוק נאָר ווי זי שיינט!
היינט איז דאָך געוועזן שבת שירה,
פרומעטל, בשלח איז היינט.

און די גרויסקייט פון שבת שירה,
ווייסטו פון חומש פון לאַנג;
היינט איז דאָך מרים, מיט די פייקלעך אירע,
אַרויס מיט טענץ און געזאַנג.

און די פייגעלעך, היינט, שבת שירה,
דאָס ווייסטו מסתם אָן מיר, —
גיט מען פון יעדער יידישער דירה
אַ ביסל קאַשע פאַר דער טיר.

אָבער נישט וועגן קאַשע, פּרומעט,
טו איך דיר שרייבן אַצינד,
נאָר וועגן געסל, ווי פּרשה תּרומה,
וואָס ווערט מחיהדיק לינד.

ס'ווערט שוין לינד, דאָס איז דער עיקר,
פּונקט ווי ערב־וועסנע שיין;
איז זען די קריעס צו דער ריקע
וועלן מיר שפּאַצירן גיין.

יאָ, ס'לאָזט נאָך די ביטערע קרירה,
בלויז די גליטש האַלט זיך נאָך.
ס'איז איצט מוצאי־שבת שירה,
פּרומעטל, אַ גוטע וואָך!

## כ׳יער מיך היינט

כ׳יער מיך היינט, הערסט, טייערע פרומעט,
זעכצן יאָר ווער איך היינט, י״ב ניסן.
אָבער ווער וועט דען צו מיר דאָ קומען,
טאַקע, ווער וועט קומען מיך באַגריסן?

מיין מאַמע שרייבט מיר אין אַ בריוול
(כ׳האָב עס ערשט נעכטן געקראָגן):
„ווען כ׳זאָל קאָנען, קום איך אין ישיבה,
נאָר כ׳מוז עס אָפּקומען מיט זאָגן.

דערווייל שיק איך דיר אַ נייעם טלית־קטן,
כ׳קוש דיך, זונעניו, די טרערן שטיקן — — — —
יאָ, און פרישע צוויי פּושקעלעך שפּראָטן,
אַלץ וואָס כ׳קאָן דיך איצט שיקן״.

מיין טאַטע וועט מיך מהנה זיין מסתמא
מיט אַ שיין ספרל אַ סלאַוווטער.
נאָר מיר איז סמוטנע אָן טאַטע־מאַמע,
כאָטשע דיין טאַטע איז אַזאַ גוטער.

פרומעטל, כ׳וואַרט אויף דיר אין מיין חדר
נאָך מנחה־מעריב, ווי שטענדיק, —
וועסטו זען דעם טלית־קטן, ווי אַ פעדער,
אַ בריוול וואָס כ׳האָב נישט געענדיקט.

כ׳יער מיך היינט. וועסטו נישט פאַרזאַמען,
טייערע, צו קומען מיך באַגריסן?
כ׳וועל עס טאַקע צושרייבן מיין מאַמען,
חוץ איר — וועט קיינער נישט וויסן.

# געבראָטענע קאַרטאָפל

דער גבאי, זעט אויס, האָט פאַרגעסן
די פּאָר קאָפּיקעס צו גיבן,
בין איך מיט עליען — אַ ברירה?
אָן וועטשערע געבליבן.

איז אין דער הרובע — זאַלבעצווייט,
קאַרטאָפל. מיר בראָטן.
(און עליע באַלעקט זיך: אַ מאכל
וואָלט דאָס געווען מיט שפּראָטן.)

ער וויל דייקא, זיי זאָלן זיין סיפּקע,
אַנישט — וועט ער נישט עסן.
און ער שיט פּריסיק אויפן גבאי,
הלמאַי ער האָט פאַרגעסן.

אָבער דו ווייסט דאָך גוט, פרומעטל,
ביי מיר איז ס'עסן אַ טפל.
אַ נפקא־מינה, בייגל מיט כאַלווע,
צי הערינג מיט קאַרטאָפל.

כ׳קוק מיר אויפן זשאַר גאָר פאַרחלומט
און פּרווו טרעפן אַ שטייגער,
וואָס טוסטו, טייערע, אין אַלקערל
אַצינד, נייַן דעם זייגער?

צי העפּסטו אויס אַ חלה־טישטעכל,
אָדער צום קישן אַ דעקל;
אפשר נייסטו אויס פאַר דיין באַשערטן
אַ סאַמעטן תּפילין־זעקל?

עליע שלינגט שוין די הייסע קאַרטאָפל
און זאַלץ אַ ביסל פעלט אים.
זיין פּנים גליט ווי זשאַר און דעם גבאי,
מאַמעניו, ווי ער שעלט אים.

נאָר מיר גייט נישט עליעס וועטשערע —
סיפּקע קאַרטאָפּל מיט צאָרן.
כ׳האָב געגוג כּוח, כ׳בין דאָך נעכטן
שוין זעכצן יאָר געוואָרן.

# אַ חלום

ס'האָט זיך מיר געחלומט אַ חלום,
מאַמע, איז ער געווען שיין!
אין וואַלד, מיט אַזויפיל ביימער,
גייען מירביידע אַליין.

ניין, נישט אַליין. אויך די לבנה
לעם אונדז פון הינטן גייט.
און אַ שאָטן, ווי פון זילבער,
פרומעטל, אונדז באַלייט.

קוקן זיי פריילעך די צווייגן,
מיט קלאָרע בלעטער טוי.
דו האַלסט דיין קאָפּ ביי מיינעם
און איך — אויך אַזוי.

די ביימער שטייען מיט פידלען,
ווי קלעזמער עלעהיי.
איינער ווערט דער זילבער־שאָטן,
כאָטשע מיר זענען צוויי.

און דער וואַלד — אַ גרינע חופּה,
זינגט צו אונדז, מיר דאַכט.
אוי, ווי שיין און קורץ איז אַ חלום
אין אַ לבנה־נאַכט.

# רויטע יאַגעדעס

מיין מאַמע זאָגט, רויטע יאַגעדעס
איז זייער גוט מיט טיי;
און אַז מ׳וויל, אויך מיט מעליץ
עסט מען זיי.

אַי, האָב איך ליב רויטע יאַגעדעס,
טאַקע זייער שטאַרק!
דאָס האַרץ גייט מיר אַזשע איבער,
ווען כ׳זע זיי אויפֿן מאַרק.

מיטן לוצקער טראַקט, זאָגט עליע,
ווו מ׳גייט צום באַן,
ציט זיך אַ וועלדל, און יאַגעדעס
איז דאָרט פֿאַראַן.

איז לאָמיר גיין, אפשר מאָרגן,
מיטן לוצקער שליאַך,
וועלן מיר בײדע דאָרט קלייבן
יאַגעדעס אַ סך.

פרומעטל, פאַרגעס נישט אַ טעפּל,
איך וועל ברענגען אַ גלאָז.
יאָ, קום אין די אַלטע טופּליעס,
דאָרט איז נאָס דאָס גראָז.

מיין מאַמע זאָגט, רויטע יאַגעדעס
איז געשמאַק מיט טיי.
נאָר איך — מיט די אויגן
געשלונגען וואָלט איך זיי.

## בעז

ביי דער וואַנט פון סאָבאָר, שקץ תשקצנו,
לעם סאַמע געמויערטן זרוב,
שטייט דאָרט, הערסט, אַ ווייס ביימל בעז,
ווי אַ יונגע גויקע צו „שליוב“.

און שטיין שטייט עס אויף אַ גרינעם קילעם
פון פריש געשניטענעם גראָז;
אוי, די גאַנצע גאַס פאַרשמעקט עס אַזשע,
נאָר איך האַלט מיר צו די נאָז.

זיי זענען אַזוי קלאָר, די בינטעלעך בעז,
און אָן אַ שפּרענקעלע שטויב,
אַז אויף יעדן צווייגל, דאַכט זיך מיר,
זיצט אַ ווייסע טויב.

איך ווייס, פרומעטל, אַז מ׳טאָר נישט קוקן,
ווי שיין ס׳איז יויזלס הויז,
נאָר זי איז אַזוי סטראַשנע, די שיינקייט,
און כ׳קוק דורך די פינגער בלויז.

פאַרוואָס איז נישטאָ לעם אונדז קיין בעז,
ווי אַ כלה מיט יידישן חן,
מ׳זאָל קאָנען אויף איר קוקן וויפל מ׳וויל,
פרומעטל, גיב מיר צו פאַרשטיין.

## אַ ווערבעביים סמאַטש

איבערן סמאַטש, ווו עליע שלאָפט, הענגט אַ ווערבע
און אויף אַ קלאַטקע פון אַ ברעט
זע איך דאָרט אָפּט אַ גרין צעקאָטשמעט מיידל,
איבערגעבויגן — זשמיקען גרעט.

דאָס מיידל איז מאַנציע קילעס אַ טאָכטער,
מאַנציע, דער מיט די גרויסע ציין, —
זאָגט מען, אַז עליע שפּילט מיט איר אַ ליבע
און ער טרעפט זיך מיט איר אַליין.

אָבער איר טאַטע איז דערויף נישט מסכים, בכן,
ער האָט נישט צו גיבן קיין קעסט;
נאָר דאָס מיידל וויינט, דערציילט מען, און סטראַשעט,
זי וועט אַוועק מיט אים קיין אָדעס.

זעט אויס, עליע שעמט זיך, וואָרום ביז אַצינד
האָט ער מיר כהוא־זה גאָרנישט געזאָגט.
אַ גאָטס רחמנות, טייערע, ווי אַ שאָטן, נעבעך,
גייט ער אום כסדר פאַרצאָגט.

צו וואָס איך שרייב דיר דאָס, וועסטו מיך פרעגן,
אָט זאָג איך דיר, פרומעטל, פאַרוואָס:
גיב נאָר אַ קוק דאָס מזל פון יידישע ליבעס,
ווי ביטער און טריב אָן אַ מאָס.

ווי סמוטנע איז ביים סמאָטש די יידישע ווערבעס,
וואָס וואַשן און פּראַטשן דאָס גרעט;
זייער האַרץ, וואָס טאָטשעט און זייערע טרערן —
איין גאָט נאָר הערט דאָס און זעט.

# אַ זומער־טאָג

כ׳שטיי אין פענצטער און קוק דיך אויס,
צי גייסטו נישט גראָד פאַרביי.
ס׳איז מיר סקוטשנע און כ׳וויל דיך זען
כאָטשבע פון וויטנס באַדאַי.

אפשר אין שפּייז־קרעמל — ווי נעכטן,
דו ווּעסט וואָס קויפן גיין;
פּרומעטל, אין פענצטער שטיי איך,
סמוטנע, איינער אַליין.

שוין אַ גוטע שעה, אַז עליע
איז אַוועק — צום טייך מן־הסתם.
דרויסן כמאַרעט זיך, דאָ און דאָרט
לויפט אַ בליציקער שראַם.

ס׳איז דאָ אַ דושנעטאַ, כ׳זאָג דיר,
ווי טשוהון גליען די ווענט.
מיך נודעט אַזשע. דער קאָפּ, דאַכט מיר,
רחמנא־ליצלן — ברענט.

אין אָפּענעם פענצטער שטיי איך,
פון שטיבער פאַלט שוין אַ שיין.
פרומעטל, אַז כ׳וועל דיך איצטער זען,
וועט מיר תּיכּף בעסער זיין.

...„לייג צו דיין שיינעם קאָפּ צו מיינעם,
אַ רגע די אויגן פֿאַרמאַך.
אַז צוויי מענטשן האָבן זיך ליב,
איז נישטאָ קיין שענערע זאַך".

## גוט־שבת

אין איר בלאָוו־געשטערנט סאַמעטן קלייד
איבערן געסל די שבת־מלכתא גייט,
פרומעטל, גוט־שבת!

די בענטש־ליכט פינקלען פון יעדן הויז,
„לכה דודי" זינגט מען שוין אין קלויז,
פרומעטל, גוט־שבת!

אויפן שבת־קודש־מעסער די לבנה גליט,
שאָטנס שלייכן זיך מיט זיידענע טריט,
פרומעטל, גוט־שבת!

דער עולם פון דאַווענען אַהיים שוין גייט,
די נשמה־יתירה אַלעמען באַלייט,
פרומעטל, גוט־שבת!

אין בעכער שפּילט דער קידוש־ווייַן,
דייַן טאַטע צו „שאו־ידיכם״ וואַשט זיך איַין,
פֿרומעטל, גוט־שבת!

דייַן טאַטע בענטשט. די ליכט גייען אויס,
כ׳וועל אויכעט אויסגיין, אויב קומסט נישט אַרויס,
פֿרומעטל, מיר זאָגן גוט־שבת!

## דיין מאַמע קוקט אויף מיר

דיין מאַמע, זע איך, קוקט אויף מיר
פון עזרת־נשים־שיל
תמיד, ווען כ׳שטיי לעם בעלעמעד
און דאַוון פרום און שטיל.

זי קוקט אויף מיר דורך די ברילן,
מיט ליבשאַפט אָן אַ שיעור.
ווייזט זיך מיר אויס, ס׳איז מיין מאַמע,
וואָס קוקט אַראָפּ צו מיר.

אַפילו ביי שמונה־עשרה,
ווען כ׳האַלט די אויגן פאַרמאַכט,
פיל איך, דיין מאַמעס ליבשאַפט
רוט אויף מיר און וואַכט.

און ווען כ׳גיי אַרויס פון שטיבל,
ווי מיין טבע — געלאַסן־פרום,
זע איך, דיין מאַמעס גוטע אויגן
שמייכלען פון אומעטום.

## סעמעטשקעס

דער זייגער שלאָגט שוין דריי,
אָט וועט ער שלאָגן פיר;
הער נאָר, הער, ווי מיין האַרץ
סטוקעט שטאַרק אין מיר.

איך לויף שוין פון די טרעפּ,
ביין, איך פלי צו דיר!
פרומעטל, אָט בין איך דאָ,
כ'שטיי שוין ביי דער טיר.

כ'האָב דיר עפּעס דאָ געבראַכט,
טרעף, ס'איז נישט שווער.
זע, וויסע סעמעטשקעס —
פון דער „פוילישער".

נו, קום זשע, טייערע, אַרויס.
פינף איז שוין באַלד.
און די גוטע סעמעטשקעס,
אַ שאָד, ווערן קאַלט.

# מיין שיעור

ווען דו וואָלסט היינט געהערט מיין שיעור,
וואָלט איך דיר נאָך מער געפעלן.
דיין טאַטע האָט אויסגעקנייפּט די באַקן מיר
און געהאַלטן אין איין קוועלן.

אומגעגאַן איז ער צעשטראַלט פון פרייד,
געקלאַפּט מיט די טריטעלעך שטילע.
בשעת־מעשה האָט ער זיך אַ פּאה געדרייט,
זיך געקוויקט: „דאָס וואַקסט אַן עילוי.

געראָטן אין גאַנצן אין טאַטן דוד־צבי,
אין זיין טאַטן, דעם הייסן קאַרלינער".
נאָר מיר, פרומעטל, האָבן געציטערט די קני,
ווייל כ'האָב דיך געהאַט אויפן זינען.

אָבער לסוף, נאָך אַ פּילפּול, אַ טיפן פּשט
אין אַ סוגיא, מיט דיין טאַטן טאַקע,
האָב איך געטון אַ קוש דעם גמרא־בלאַט
און געפילט, ווי כ'זאָל קושן דיינע באַקן.

## שבת בייטאָג

מ׳זאָגט אין „צאַרסקע סאָד״ איז שיין,
ס׳שמעקט דאָרט — אַ מחיה!
און אַז יעדן טאָג וואַקסן אויס דאָרט
מאָדנע קווייטן נייע.

און אַז בלומען, ביימער האָב איך ליב,
ווייסטו דאָך פון תמיד, —
קום זשע מיט מיר אין „צאַרסקע סאָד״,
טייערינקע פרומעט.

(כ׳ווייס נישט פאַרוואָס, אין פרק שטייט,
מ׳טאָר אויף אַ בוים נישט קוקן?
פאַרן בוים, ווי פאַר אַ מלך, להבדיל,
כ׳וואָלט געטון מיך בוקן.)

און אפשר ווילסטו גיין צום וואָקזאַל,
זען ווי ס׳לויפן די באַנען?
ווייסט דאָך, הייליק איז ביי מיר דיין וואָרט,
כ׳בין עס נישט משנה.

שאַ, און אפשר גאָר צו דער ריקע,
ווו מ׳זעט זיך, ווי אין שפּיגל?
אָדער צו דער אַלטער ווינטמיל
מיט די גרינע פליגל?

קום, פרומעטל, דער שיינער שבת־טאָג
וואַרט דאָך אויף אונדז ביידן.
די נייע טשיזמעס נעם טו דיר אָן
און דאָס באָרדע קליידל.

# אין „צאַרסקע סאָד“

רוק דיך נישט צו אַזוי, ווי יענע ביימער,
דאָרט־אָ, וואָס טוען זיך וויגן.
מיר טיאָכקעט דאָס האַרץ, לייג צו די האַנט,
וועסטו זען, ס׳איז נישט קיין ליגן.

איצט רוק דיך צו אַ נאָגעלע, אָט אַזוי,
אין מיטן דאַרף בלייבן אַ שטיקל.
ווילסט, לויף איך תיכף איבערמעסטן,
אָט האָב איך, זע, אַ שטריקל.

ווי שיין דאָ איז. באַקוק נאָר דעם הימל,
דאָ שמעקט דאָך — אַ גן־עדן!
פרומעטל, מיר קלאַפּט שוין נישט דאָס האַרץ,
פון וואָס זשע וועלן מיר ריידן?

כאָטשע איך קוק נישט, נאָר דיינע צעפּ —
ווי גאָלד איז זייער מראה.
און ווי שיין דיר פּאַסט ס׳באָרדע קליידל
מיט דער בלאָווער שליאַרע.

וואָס זשע שווייגסטו, אַ? — ענטפער מיר,
וואָס ביסטו אַזוי פאַרדומעט?
כ׳זיץ דאָך שוין לעם דיר אַזוי נאָענט,
ווי יענע ביימער, פרומעט!

מיר טיאָכקעט שוין מער נישט דאָס האַרץ,
כ׳זאָג דיר נישט קיין ליגן.
ס׳טונקלט, ס׳איז דאָך באַלד שוין מנחה,
פרומעטל, גענוג געשוויגן.

# לייג צו דיין קאָפּ

די שטערן בליאַסקען אין הימל,
מיין שטערן ביסטו אויף דער ערד.
פון אַלץ, וואָס טוט זיך אין הימל,
ביסטו, פרומעטל, נאָך מער ווערט.

און אַלץ, וואָס טוט זיך אויף דער ערד,
איז ווייניקער ווערט, ווי דו.
פרומעטל, לייג דיין בלאָנדן קאָפּ
צו מיינעם איצטער צו.

לייג צו דיין שיינעם קאָפּ צו מיינעם,
אַ רגע די אויגן פאַרמאַך.
אַז צוויי מענטשן האָבן זיך ליב,
איז נישטאָ קיין שענערע זאַך.

לייג צו דיין פרומען קאָפּ צו מיינעם
און אַ קוש מיר גיב.
אַז צוויי מענטשן האָבן זיך ליב,
האָט די וועלט זיך ליב.

דו ווערסט הערן ווי צוויי טויבן
וואָרקען גוט און פרום.
און אַלע שטערן, אַלע גראָזן —
זינגען מיט אַרום.

די שטערן העלן אין הימל,
מיין שטערן ביסטו, וואָס העלט.
פרומעטל, אַז מיר האָבן זיך ליב,
האָט זיך ליב די גאַנצע וועלט.

## צניעות

וואָס האַלסטו דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן,
פרומעטל, דאָס טוט מיר וויי.
וואָס האָב איך אַזוינס אין די אויגן,
אַז דו קוקסט נישט אין זיי?

איך האָב דאָך, זע נאָר, אויגן שטילע,
שטילערע קאָן נישט זיין;
און בלאָווערע פונעם בוג אַפילו,
קוק נאָר אין זיי אַריין.

האָב נישט מורא. און צו וואָס זיך שעמען?
שעמען זיך איז נישט שיין.
ווייסט דאָך, דיך בלויז וועל איך נעמען,
כ׳האָב ליב נאָר דיך אַליין.

און כאָטשע ס׳איז אמת, אַז דייך צניעות
געפעלט מיר, איז מיר ליב,
נאָר עפן אויף דיינע שיינע וויעס,
איין קוקעלע בלויז גיב.

נו, האַלט נישט דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן,
אויף מיין וואָרט, ס׳איז נישט פיין.
דו ווערסט זיך זען אין מיינע אויגן,
קוק נאָר אין זיי אַריין.

# בלאָווע אויגן

מלאכים האָבן בלאָווע אויגן,
אַזוי זאָגט מיין מאַמע.
און דיינע זענען דאָך בלאָווע,
פּונקט ווי תכלת, פּראַמע.

איך האָב אויכעט בלאָווע אויגן,
קוק נאָר אויף טשעקאַוועס.
כ׳האָב די אויגן, זאָגט מיין מאַמע,
ווי מיין באַבע חוהס.

און מיין מאַמעס וואָרט איז דאָך גלייך,
ווי מיט גאָלד געוויגן;
ביסטו, קרוינעניו, מיין מלאך —
און מיט בלאָווע אויגן.

איז אויב דו ביסט שוין יאָ מיין מלאך,
מלאך מיינער, פרומעט!
פּילסטו פּעוונע דאָך מיין בענקען,
פּילסטו דאָך מיין אומעט.

ווייסטו דאָך, מיין שיינער מלאך,
אַז די ליבשאַפט מיינע
איז אַ פרומע, ריין ווי תכלת —
ווי די אויגן דיינע.

די מלאכים, זאָגט מיין מאַמע,
האָבן בלאָווע אויגן.
און מיין מאַמעס וואָרט איז תמיד,
ווי מיט גאָלד געווויגן.

## כ׳זע דיך בהקיץ

כ׳זע דיך בהקיץ, כ׳זע דיך בחלום,
פרומעטל, בײטאָג און בײנאַכט.
כ׳זע דיך בײם לערנען, במחשבה —
װען כ׳האַלט די אויגן פאַרמאַכט.

כ׳זע דײן פּנים אין אַלע פענצטער
און דו קוקסט אַרויס פון זײ.
כ׳זע דיך אויך אויף אַלע סטעזשקעס,
טײערע, װוּ איך שטײ און גײ.

כ׳זע דיך בײם עסן, בײם טרינקען,
אין מײן חדר אויף די װענט.
כ׳זע דיך אַפילו, בעת איך דאַװן,
מיטן סידור אין די הענט.

אויפן באַנקבעט, בײם לײענען קרישמע,
זע איך דיך אין יעדן אות.
און אַז כ׳גיס מיר אָפּ די נעגל,
װען כ׳הײב מיך אויף כעלות.

כ׳זע דיך בחלום, כ׳זע דיך בהקיץ,
סיי ביינאַכט און סיי בייטאָג.
זאָג מיר, צי זעסטו מיך אויכעט,
האַרציקע, זאָג עס מיר, זאָג.

# אליהו הנביא*

אליהו הנביא האָט זיך היינט גערייצט מיט מיר:
„פרומעט וועט נישט זיין דיין כלה“.
און מיר, גלייב עס מיר, איז פאַר גרויס צער,
אַנגסטן אַזשע באַפאַלן.

ער האָט געזאָגט: „דו וועסט נישט זיין קיין רב,
און מיט אַ רב וועט מען זי פאַרקנסן“.
און ס'האָבן זיינע רייד, גלייב עס מיר,
פון מיר געשניטן פּאַסן.

קאָן זיין, דער ישיבהניק איז טאַקע גערעכט,
איך וועל קיין רב נישט ווערן;
נאָר דו, טייערע, איך ווייס דאָך שוין גוט,
דו וועסט צו מיר געהערן.

איך ווייס, דו וועסט נישט נעמען קיין רב
און אַפילו נישט קיין שמש,
נאָר טאַקע דעם, וואָס דו וועסט האָבן ליב,
ליב האָבן ממש.

* דעם ישיבה־בחור עליעס אַ צונאָמען.

און ליב האָבן האָסטו דאָך, פּרומעטל, ליב,
כ׳ווייס דאָך — מיך, נישט קיינעם!
דיינע טאַטע־מאַמע ווייסן דאָס, דאָס ווייסן
דאָך אויך די שכנים.

איז וואָס זשע רייצט ער זיך מיט מיר,
דער ישיבהניק פון כמעלעוו?
אוי, ווען ער זאָל וויסן, ווי דאָס טוט מיר ווי,
דער פאַלשער נביא — עליע.

## לאָלע דעם שוחטס

פרעג מיך בחרם, וואָס די קאַסאָקע לאָלע
וויל תּמיד האָבן פֿון מיר.
אַלע מאָל, ווען כ׳גיי פֿאַרביי זייער דירה,
וואַרט זי מיך אָפּ אויף דער טיר.

זי רעדט נישט, נאָר זי פֿלעכט די פֿינגער
און דרייט זיי אַהין און אַהער,
אָדער זי מאַכט מיר אַזעלכע פּיסקעס,
ווי כ׳זאָל איר זיין ווייסעך־וועך.

מאַלע זי איז עס דעם שוחטס מיזינקע,
כ׳בין אָבער נישט קיין גאַסן־יונג.
כ׳זאָג דיר, אירע שטיק פֿערען מיך סטראַשנע
און כ׳שטעק איר אַרויס די צונג.

ווען כ׳קאָן איר אָנדרייען גוט די צעפּלעך,
וואָלט איך מיר געקילט דאָס האַרץ.
בסך־הכּל איז זי, לאָלע — ווי סמאָלע,
אַזוי נמאס, קליין און שוואַרץ.

הערסט, פּרומעטל, פון היינט און ווייטער
וועל איך דורך שלעסל־געסל גיין.
און זאָל זי ביזן גראָוון צאָפּ אַפּילו,
לאָלע, אויף דער טיר זיך שטיין.

## מיין גבירישער „טאָג“

ביי סרול־איסרלען, דעם שטאָטישן נגיד,
עס איך הײנט, ס׳הייסט — מאָנטיק.
אַפילו מיטן וואָך — קוילעטש, בשר ודגים —
איז זיין גבירישקייט קאָנטיק.

הײנט, וואָס ס׳טוט זיך אין שטוב — חידושים!
ווער קאָן עס אַזויפיל באַקוקן?
ס׳פאַרנעמט ס׳אויג דאָס זייד און פּליושנס,
די ספרים — מיט גילדענע רוקנס.

און האָבן האָט ער אַ טעכטערל — קיילע,
שיין — ווי די מיידלעך פון בעלער!
קוקט זי תמיד אויף מיר. נו, מילא.
איז קוק איך מיר אין טעלער.

נאָר אין טעלער זע איך אַרומשווימען
אירע אויגן, אַזוי ווי שטערן.
אָבער איך מאַך צו די אויגן מיט תמימות,
כ׳זאָל אַזוי געהאָלפן ווערן.

אַנומלט פרעגט זי מיך — זיין טאָכטער,
צי זי איז, ווי מ׳זאָגט, אַזאַ שיינע,
און בעת־מעשה אַ צאָפּ זיך אויסגעפלאָכטן
מיט די ראָזע פינגערלעך קליינע.

אָבער מיר, פרומעטל, כ׳זאָג דיר דעם אמת,
איז דער מאַמעס מילך אַנטפאַלן.
ערשטביים אַוועקגיין, פאַרוואָס זיך שעמען?
האָב איך געענטפערט: כ׳האָב שוין אַ כלה...

## דיין מאַמע

נעכטן, ווען כ׳בין געגאַן אין ישיבה,
האָב איך געזען דיין מאַמען, חנה־ריקל.
און איך (כ׳האָב עס געטון בכיוון)
האָב אַ ווײַלע איר נאָכגעקוקט פון בריקל.

אין זײַדן טיכל, אין דער קאַסטאָרענער יאַקע,
אין אַ ספּאָדניצע פון שוואַרצן סאַמעט,
איז זי געגאַן, ווי אַ גראַפּיניע טאַקע,
מיט געלאַסענע טריט, דיין מאַמע.

ביין, נישט קיין גראַפּיניע, ווי אַ פּרינצעסין,
אין די געקנעפּלטע טופליעס פון לאַסטיק.
און אַלע האָבן געמאַכט אַ וואַרע אין געסל:
זעטס נאָר, קיין עין־הרע, ווי ס׳פּאַסט איר.

יאָ, כ׳האָב נישט געקאָנט אָפּרייסן מײַנע בליקן
פון דער שיינער פּרינצעסין — דיין מאַמע,
און כ׳האָב געטראַכט, נאָך אַלץ אויפן בריקל:
דו וועסט, פרומעטל, נאָך שענער זיין מסתמא.

## די גמרא זאָגט

א.

ווער ס׳נעמט אַ ווייב, שטייט אין קדושין,
פאַר נדן, ס׳הייסט, פאַר געלט,
דער וועט, לכן, קיין לייטישע קינדער
נישט ברענגען אויף דער וועלט.

ס׳איז רבס אַ מימרא, געבראַכט פון רבהן,
און גרינג איז זי צו פאַרשטיין;
אָבער מיר, טייערע, וועלן חתונה האָבן
בלויז פאַר ליבע אַליין.

מיר זענען דאָך חלילה נישט קיין בראָדסקיס,
אַ שידוך צו טון פאַר געלט.
און צוריקגעשמועסט, וואָס טויג דער נדן,
ווען די אמתע ליבע פעלט?

און אַז כ׳האָב דיך ליב כאַהבת נפשי,
וויסטו דאָך, פרומעטל קרוין;
און אַז כ׳וואָלט מיט דיר צו דער חופה
נאָך היינט געגאַנגען שוין.

איז וועלן זיי זיין, אונדזערע קינדער,
ווי גאָט און ווי לייטן געפעלט.
טאַקע סאַמע צדיקים און לומדים —
איינע אין דער וועלט.

ב.

נאָך אַ מימרא ברענגט די גמרא,
אַ קורצע, אָבער אַ שיינע:
„גיך פֿאַרגייט געקויפֿטע ליבע,
נאָר אייביק בלייבט די ריינע".

יאָ, יענע וואָך האָב איך, פֿרומעטל,
דעם מאמר אַליין באַגעגנט.
וואַרט נאָר, טאַקע דאָנערשטיק,
געדענקסט? ווען ס׳האָט שטאַרק גערעגנט.

און כ׳זאָג אים דיר היינט, מחמת
דער טינטער איז פֿול מיט פֿליגן.
און דו ווייסט דאָך, ווי שווער ביי זימלען
איז זיין שרייבפּענדל צו קריגן.

פֿאַרשטייסט, נישט קיין אמתע ליבע
איז ווי אַ וואָלקן אַ שטייגער:
אָט זעט מען אים, אַיאָ? און פּלוצים
צערינט ער זיך בין רגע.

כ׳גלייב, טייערינקע, אַז אַ קל וחומר
איז שוין איבעריק לגמרי,
וואָרום אונדזער ליבע איז דאָך אמת,
ווי אמת ס׳איז די מימרא.

...„אַ גרעזל צערטלט אַ גרעזל,
אַ בלעטל קושט אַ בלאַט.
פרומעטל, גאָטס וועלט בענקט צו יחוד,
פונקט ווי מיר אַקוראַט".

# בענקשאַפט

וואָס פילט מען, זאָג מיר, אַז מ׳בענקט,
האָט מען היץ, מ׳איז קראַנק?
אַז יאָ, ביז ווען געדויערט דאָס,
פרומעטל, ווי לאַנג?

עפּעס קלעמט מיך שטאַרק ביים האַרצן,
אוי, ווי ס׳איז מיר ענג!
כ׳האָב מורא, נישט פאַר דיר געדאַכט,
טאַקע אַז איך בענק.

מ׳האָט מיר פּאָקן שוין געטשעפּעט,
אויך געמאָזלט האָב איך שוין, —
נו, אַז מ׳בענקט, טוט ווייַ דער קאָפּ?
זאָג עס מיר, מייַן קרוין!

און פאַרוואָס, זאָג מיר, באָגט אַזוי,
מיך ציט צו דיר אַרויף?
צו שמוליע רופא אפשר גיי
און פרעג אים, עפּעס קויף.

כ׳בעט דיך, קום אַראָפּ צו מיר,
איין בליק מיר כאָטשבע שענק.
כ׳האָב זייער מורא, פרומעטל,
טאַקע אַז איך בענק.

## דאָרשט

כ׳ווייס נישט וואָס מיך דאַרשט אַזוי,
דאָס ראָסעלע, די תורה?...
פרומעטל, פאַר דעם דאָזיקן דאָרשט
האָב איך עפּעס מורא.

מיך ברענט אַזוי! ס׳איז די צונג מיר
צוגעקלעפּט צום גומען.
כ׳שעם זיך פּשוט, אַזויפיל מאָל
נאָך אַ טרונק צו קומען.

כ׳האָב אויסגעשעפּט דאָס גאַנצע פאַס,
וואָס ביי אונדז אין חדר.
אפשר זענען עס דיינע אויגן גאָר,
וואָס דאַרשטן מיך כסדר?

יאָ, מיגלעך דערפון. נאָר דעם דאָרשט
קאָן איך פאָרט נישט שטילן.
פרומעטל קרוין, איך ווער פאַרברענט,
דאַרפסט עס אויכעט פילן.

כ׳בעט דיך, גיב מיר נאָך אַ טרונק,
ס׳איז די צונג מיר טרוקן,
און אפשר שרפעט מיך אַלץ אַזוי,
כדי דיך אָנצוקוקן?

## צעפּ

אויפן שטענדער, ניין — אויף דער גמרא,
ברענען דיינע רויטע פייערדיקע צעפּ.
אַז כ׳קוק אויף זיי, פירן זיי מיך אין דיין אַלקער
אַרויף דורך די הילצערנע טרעפּ.

דערשרעק דיך נישט! ס׳איז בלויז אַ משל,
נאָר דאָס משל גופא איז אַ זינד.
פאַרוואָס האָסטו זיי, פרומעטל, דאָ איבערגעלאָזט?
קום, נעם זיי דיר אָפּ געשווינד.

דיינע צעפּ פאַרפירן מיך. זיי האָבן מיך שוין
אין מחשבות זרות אַריינגעבראַכט.
צוליב זיי, גלייב מיר, האָב איך אַ גאַנצן טאָג
די גמרא נישט אויפגעמאַכט.

אויפן שטענדער לאָקערן אויף מיר דיינע צעפּ,
ווי שטאַרקע פלאַמען צוויי.
פרומעטל קרוין, קום גיכער, נעם זיי צו,
ווייל כ׳האָב מורא פאַר זיי.

## זימל שמש

זימל שמש, קענסט דאָך אים,
וואָס טרינקט ביי אייך טיי, —
איז מיר מפסיק אין לערנען
מיט שאלות כלערליי.

די גאַנצע שטאָט, זאָגט ער, ווייסט,
חתן־כלה זענען מיר;
נו, איז עד מתי, פרעגט ער,
וואַרטן איז דער שיעור?

ס׳טייטש, לייקעך וויל ער עסן
און זיך משמח זיין.
בלי גוזמא — שעהן גאַנצע
ער רעדט אין מיר אַריין.

און אַז כ׳סטראַשע אים: זימל,
אויב איר הערט נישט אויף,
איז תיכף צום ראש־ישיבה
גיי איך גלייך אַרויף, —

ענטפערט ער, ביי דער קליאַמקע,
בעת ער גייט אַרויס:
נישטאָ קיין סוד פאַר זימלען,
פון אויבן זאָגט מען אויס.

נאָר דער אמת איז, פרומעטל,
מיר געפעלן זיינע רייד.
כ׳ווייס נישט, ווער ס׳האָט אויסגעטראַכט,
אַז זימל איז צעדרייט.

## אַ ניגון

אַ ניגונדל, אַ סטאָלינער ניגון,
כ׳וועל דיר, פרומעטל, זינגען אַצינד.
ס׳האָט אים געזונגען מיין עלטער־זיידע,
ווען ער איז נאָך געוועזן אַ קינד.

מ׳קאָן אים פאַר קיין רענדלעך נישט קריגן,
דעם ניגון — איינעם אין דער וועלט!
זינגט מען אים בציבור, צי ביחידות,
פילט מען — דאָס האַרץ אַזשע קוועלט.

און גיין גייט ער, הער זיך איין, טייערע,
צוערשט אַרויף, טאַקע אַלץ אַרויף;
התלהבותדיק, מיט די הענט פּאַטשנדיק,
ווי ער, זכותו יגן, און זיין הויף.

און תיכף בנעימותדיק, פול מיט בטחון
צו אים, בלויז צו אים אַליין;
דערנאָך שטילינקע, מיט אַ קנייטש יידישלעך,
אַן אויעלע, אַ קרעכצל געוויין.

אַ ניגונדל, ס׳איז דעם אַלטנס ניגון,
ביי שלוש־סעודות האָב איך אים געהערט;
ער ציט זיך אַרויף צו גאָט כביכול
און קומט געלייטערט צו דער ערד.

דאָס ניגונדל, דעם סטאָלינער ניגון,
לערן אים אויס גוט און שיין;
זינג אים פאַר דיין טאַטן, פאַר דיין מאַמען,
זינג אים אויכעט פאַר זיך אַליין.

## „אילוזיאָן“

נעכטן, אַזוי צווישן מנחה־מעריב,
דערציילט הערצקע בולוואַן,
אַז אין אַ שאַלאַש, אויף אַ ליילעך,
זעט מען דאָרט גיין אַ באַן.

אויך מענטשן, זאָגט ער, זעט מען גיין,
דאָס רופט מען „אילוזיאָן“.
נאָר זימל שמש מיינט, ס'איז פּשוטע
אַ כישוף, רחמנא־ליצלן.

אָבער הערצקע שווערט זיך, זיין שוועסטער
איז אַנומלט דאָרט געווען,
אַז וואָס זי דערציילט איז אמת ויציב,
מיט די אייגענע אויגן געזען.

איז ווען דער עולם איז זיך צעגאַן,
פרעג איך ביי הערצקען אַליין,
צי יידן, למשל, מעגן אויכעט
אין דעם שאַלאַש אַריין גיין.

ס׳טייטש, זאָגט ער מיר, אין די לוחות
טוט דאָך דאָס נישט שטיין,
איז פאַרוואָס זשע, כ׳לעבן, זאָלן יידן
אַהינצו נישט טאָרן גיין?

אָט אַזוי האָט ער מיר געענטפערט,
מיט די רייד, הערצקע בולוואַן.
אוי, וואָלט איך, ווען כ׳האָב נישט מורא,
אַהינצו מיט דיר געגאַן.

## אַ מתנה

אַהיים אויף ראש־השנה
פֿאָר איך, בלי נדר, כּעלות;
כ'וויל דיר קויפֿן אַ מתנה,
פֿרומעטל, ווייס איך נישט וואָס.

אפשר אַ לשנה טובה,
מיט טייבעלעך אָנגעמאָלט,
וואָס זעען אויס אַזוי ווי
געמאַכט פֿון אמת גאָלד.

אפשר אַ טערקיש טיכל,
(כּאָטשע קאָסטן דאַרף עס אַ סך!)
צי גאָר אַ מעשה־ביכל
אין דער יידישער שפּראַך.

אפשר אַ בריוונשטעלער,
ווו אַלץ איז קלאָר צו פֿאַרשטיין,
דו זאָלסט קאָנען שנעלער
אַ בריוול שרייבן אַליין.

פרומעטל, זאָג מיר גיכער,
איידער כ׳גיב אויס דאָס געלט;
פאַר מיר איז אַלצדינג ניחא,
וואָס דיר אַליין נאָר געפעלט.

שאַ, און אפשר אַ שפּילקע,
אַ קליינע געזילבערטע בראָש?
כ׳פאָר דאָך אַהיים קיין ווילקע,
בלי נדר, מאָרגן כּעלות.

# פון ווילקע

א.

אין שטוב איז דושנע, ס׳לעמפּל קאָפּטשעט,
כ׳זיץ שוין באָרוועס, אָן די שטיוול,
און טאַקע אויפן באַנקבעט, לעם פענצטער
טו איך דיר שרייבן דאָס בריוול.

נאָר די בלאָווע שיינע נאַכט פון תמוז,
מיט דימענטענע שטערן,
לאָזט מיך עפּעס, טייערע, נישט שרייבן
און נישט אַנטשלאָפן ווערן.

זי ציט מיך אַרויס ווי מיט אַ כישוף,
מיט ריחות פון היי און קאָניטשינע;
אָבער אָסור, צו שרייבן דיר אַ בריוול
איז דאָס אַ פריטשינע.

און ווו וועל איך דען גיין איצטער אַליין
צווישן אַזויפיל שאָטנס בלאָווע?
כאָטשע ס׳ציט מיך צו דיר כסדר
און כ׳זע דיך במחשבה.

אָבער ס'איז דאָך שוין ווייניק געבליבן,
סך־הכל איין חודש, פּרומעט!
וואָרום נאָך ימים נוראים, מערטשעם,
וועל איך דאָך פּעוונע קומען.

אין שטוב איז פּאַרנע, דאָס לעמפּל רייכערט
און כ'לייען נישט קרישמע בכיוון,
כדי גלייך אויף פּאָטשט, נאָך מאָרגן,
אויפּצולייגן דאָס בריוול.

ב.

וואָס ביסטו סמוטנע, פרעגט מיך די מאַמע,
איז דיר חלילה דאָ שלעכט?
כ׳זע דאָך בפירוש, דו עסט נישט, טרינקסט נישט,
אַז דו שלאָפסט נישט גאַנצע נעכט.

ס׳איז דיר אפשר, זונעניו, זאָגט זי, סקוטשנע,
וואָס זשע מיצקע־דרינעןן צום טיש?
נאָר איך, פרומעטל, איך שווייג מיר פּאַרדומעט,
וואָס צו ענטפערן ווייס איך נישט.

אָבער טיף אין האַרצן ווייס איך שוין דייקא,
וואָס מיט מיר טוט דאָ געשען;
מיר איז טאַקע אָסור נישט שלעכט אין ווילקע,
נאָר מיט דיר וואָלט בעסער געווען.

זיץ איך ביים טיש, אָדער כ׳גיי מיך לייגן,
זע איך דיך כסדר לעם מיר.
און אַז כ׳זע דיך, ווער איך ערשט רעכט סמוטנע
און כ׳קאָן שוין נישט זיין אָן דיר.

אמת, אַ מאַמען דאַרף מען אַלץ דערציילן,
נאָר כ׳שעם זיך עפּעס פאַר איר;
דערפאַר, טייערע, דערצייל איך עס קיינעם,
קיינעם נישט טאַקע, נאָר דיר.

ג.

אוי, ווי גרויס איז דער טאָג אין ווילקע,
ווי לאַנג די נעכט זיך ציען;
וואָלט איך, קרוינעניו, געווען אַ פויגל,
קום איך תּיכף צו פליען.

און וואָלט איך כאָטשבע געווען אַ פיש,
איז קום איך גלייך צו שווימען,
דו זאָלסט פון מיין סטראַשנע בענקען,
פרומעטל, האָבן אַ סימן.

בין איך נישט קיין פיש, נישט קיין פויגל,
וואַרט איך, כילקע זאָל קומען,
וואָס האָט מיך מיט זיין פערד און וואָגן,
טייערע, פון דיר צוגענומען.

און כאָטשע ס׳איז זומער אין ווילקע
און אַלץ טוט שיין דאָ בליען,
נאָר וואָלט איך איצט געווען אַ פויגל,
קום איך תּיכף צו פליען.

# אַן אָזערע

אין ווילקע איז דאָ אַן אָזערע,
כ׳האָב נאָך אַזעלכע נישט געזען.
שענער וואָלט געווען די אָזערע,
ווען דו וואָלסט דאָ געווען.

שיינע פישעלעך שווימען אין איר,
כ׳האָב נאָך אַזעלכע נישט געזען.
שענער וואָלטן געווען די פישעלעך,
ווען דו וואָלסט דאָ געווען.

שיינע קוויטן וואַקסן דאָ אַ סך,
כ׳האָב נאָך אַזעלכע נישט געזען.
שענער וואָלטן געווען די קווייטן,
ווען דו וואָלסט דאָ געווען.

שיינע פייגעלעך פליען דאָ אַרום,
כ׳האָב נאָך אַזעלכע נישט געזען.
שענער וואָלטן געווען די פייגעלעך,
ווען דו וואָלסט דאָ געווען.

אין ווילקע איז דאָ אַן אָזערע,
אָיז וואָס זשע קומט מיר אַרויס?
אַז בענקען בענק איך דאָ, פּרומעטל,
און כ׳גיי נאָך דיר ממש אויס.

## יחוד

אַ גרעזל בענקט צו אַ גרעזל,
אַ בלעטל צו אַ בלאַט;
פרומעטל, די טבע לעכצט צו יחוד,
פונקט ווי מיר אַקוראַט.

אַ זעמדל פאַלט אויף אַ זעמדל,
אַ ריטשקע ציט צום טייך;
דער דאָרשט משמעות צו באַהעפטונג
איז ביי אַלעמען גלייך.

אַפילו דאָס מילבל, לדוגמא,
איז מגלה דעם סוד,
אַז גאָט ברוך־הואס יצירה
חלומט צו אחד.

היינט, מכל שכן מיר, די בחירה
פון זיין באַשאַף אַליין?
תא חזי, קום נאָר קיין ווילקע,
וועסטו דאָס זען און פאַרשטיין.

אַ גרעזל צערטלט אַ גרעזל,
אַ בלעטל קושט אַ בלאַט;
פֿרומעטל, גאָטס וועלט בענקט צו יחוד,
פּונקט ווי מיר אַקוראַט.

## מיין שוועסטער פרעגט

מיין עלטסטע שוועסטער — יאָכע, הייסט זי,
פרעגט מיך, צי ביסט אַ שיינע.
און וואָסערע האָר, וואָסערע אויגן,
איז טשעקאַווע אונדזער שכנה.

(מ׳זאָגט, מיין שוועסטער איז אַ קראַסאַוויצע,
זי שטייט שוין אויך אין שידוכים,
מיגלעך מיטן בן־יחיד, אונדזער שכנהס,
ער הייסט אַברהם־ירוחם.)

און פרעגן פרעגט זי מיך כמעט בגנבה,
קלאָמפּערשט ס׳הערט נישט קיינער.
אָבער מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, זע איך,
שטייט אויף דער טיר די שכנה.

נאָר איך מאַך מיר דערפון נישט קיין צימעס,
אַדרבא, נו זאָל זי הערן:
פרומעטל, זאָג איך, איז אַ יפת־תואר,
שענער פון איך, קאָן איך שווערן.

ווי קרעניצעס, זאָג איך, איז מיין כלהס
צוויי טשודנע טיפע אויגן;
און אירע שיינע האָר, ס׳הייסט, אירע צעפּ —
ווי פון פעדים גאָלד געצויגן.

טאַקע, טאַקע? — מאַכט זי מיט אַ שוטקע
און שמייכלט, מיין שוועסטער יאָכע, —
ווען מיר, הייסט עס, צוויי קראַסאַוויצעס
שוין האָבן אין דער משפחה.

נאָר די שכנה — קיין פּיפּס נישט אַפילו,
און פאַרנעמט זיך מיט די שטיגן.
נו, זאָל זי דיך, פרומעטל, נאָר אָנקוקן,
וועט זי זען, ס׳איז נישט קיין ליגן.

# אוירינגלעך

מײַן מאַמע האָט אוירינגלעך,
זענען זיי נאָך מײַן באַבעס;
זי טוט זיי אָן אויף יום־טובֿ
און אויך צומאָל אַ שבת.

גאָלדענע, מיט דימענטלעך,
רונדע ווי האַלבע לבֿנות;
זיי בלישטשען אַקוראַטנע,
ווי שטערן, בנאמנות.

זיי פֿאַרלײַכטן די שטוב, פּשוט —
מ׳קאָן אין זיי נישט קוקן.
(מײַן באַבעס צניעות, פֿרומעטל,
האָט אין זיי אַ תּיקון.)

צום קנסמאָל, זאָגט מײַן מאַמע,
וועט זי זיי דיר שענקען,
כּדי אין אירע אמהות
זאָלסטו אויך געדענקען.

איז ווען זשע ווערסטו, טייערע,
פאַר מיר אַ כלה ווערן?
אוי, ווען זיי דיר פאַסטן,
די אוירינגלעך, ווי שטערן.

## קוואַס־עפּל

קוואַס־עפּל, כ׳פּיר דיר, פּרומעטל, קוואַס־עפּל,
פון ווילקע ברענג איך זיי דיר;
דאָס שיקט איך מיין מאַמע אַ מתּנה
אין אַ פּעסעלע פון ביר.

פון אונדזער אייגן בוים זענען די עפּל,
דעם איינציקן עפּלבוים אַליין;
און געזייערט זענען זיי, אַז ווי פּאַטיקע
דאַרפן זיי אין מויל צעגיין.

די עפּל זענען בעסער פון סאַכאַר־מאַראָז,
אַ חיות — ווי זיי קילן אָפּ;
און דער קוואַס, סאַראַ ווייניקן צוויק ער האָט,
מיר זשליאָקען אים פּראַמע פון טאָפּ.

ביי אונדז אין שטוב, אַז עמעץ איז דאָרשטיק,
איז נישט עפּעס אַנדערש ווי קוואַס.
און מיין מאַמע, שוין אַזוי יעדן זומער,
זי פּאַרטיילט אים די גאַנצע גאַס.

דאָס פּעסעלע עפּל פיר איך אין וואָגן,
פֿאַרדעקט אין פּליפּישיק מיט היי.
מיין מאַמע איז בטוח, אין אַ וואָך אַרום,
וועט נישט זיין קיין זכר פון זיי.

..."טראַכט איך, אָשרס פידעלע,
מיט זיין באַהאַרצטן פיין, —
מ׳דאַרף גאָר נישט קיין בעסערס,
ווען אונדזער חופּה וועט זיין".

## אַ מעשה־ביכל

אוי, זאָג איך דיר, האָב איך היינט געלייענט
(פון אונטער דער גמרא — בגנבה!)
אַ מעשה־ביכל פון איינעם אַ לינעצקי,
צעברעכט עס ממש יעדן אבר.

ס׳איז אַ באַשרייבונג פון אַ פּויליש ייִנגל
פונעם טאָג פון זיין געבוירן,
און וואָס ער שטייט אויס, ווי ס׳זאָגט דער שער,
ביז, נעבעך, צו זיין פאַרלוירן.

מעגסטו שוין הערן, פּרומעטל, ווי טשעקאַווע
די אַלע פּיטשעווקעס זענען באַשריבן.
פון וואַרעמעס אָן — אָן שום הפסקה,
כ׳האָב געלייענט ביז זייגער זיבן.

מיט וויפל פּיקחות (און מיט אַפּיקורסות!)
דערציילט ער וועגן דעם ייִנגל,
וואָס, הער נאָר, הער: ר׳איז קוים אַ בר־מצווה
און טראָגט שוין ס׳קדושין־רינגל.

אין צווייטן טייל ריסעוועט ער קאַרטינעס
פון כלי־קודש מיט אַזאַ לצנות,
אַז פון דאָזיקן, כ׳זאָג דיר, טריף־פסול,
גייט דורך אַ סקרוך, בנאמנות.

נאָר מיך האָט דייקא אָנגעכאַפּט אַ געלעכטער,
כאָטשע גלוסטן גלוסט זיך וויינען.
אויב דו ווילסט, גיב איך דיר, פּרומעטל,
נאָך מאָרגן דאָס ביכל צו לייענען.

ס׳איז כדאַי. דו וועסט פּעוונע אויכעט לאַכן,
און אפשר גאָר וויינען אַ ביסל.
נאָר למען־השם, לייען עס אַליין — בסתר,
טאַטע־מאַמע זאָלן נישט וויסן.

# די אָרעמע חופּה

נעכטן אָוונט, ביים אַלטן קאָצקער שטיבל
(און פּונקט לעם מיסט אַ קופּע),
האָב איך געזען — אין סאַמע אָסיען,
שטעלן אַן אָרעמע חופּה.

דער ווינט האָט געריסן די דרענגלעך
און די מאָגערע ליכטלעך געלאָשן,
בעת זיי האָבן געוויינט מיט הייסן חלב
אויף דער כלה און אויפן חתן.

די אונטערפירער האָבן געהאַט פּנימער,
נישט דאָ געדאַכט, ווי ביי אַ לוויה.
פרומעטל, ס׳האָט מיך באַנומען ביים האַרצן
און שיער נישט גענומען שרייען.

אפשר אַ מינוט האָט געדויערט די חופּה
און מ׳איז זיך ווי שאָטנס צעגאַנגען.
דער שמש האָט אַוועקגעבראָדזעט אין בלאָטע
מיט די לאַנגע חופּה־שטאַנגען.

דערנאָכדעם, שוין טאַקע אויפן באַנקבעטל,
האָב איך אַלץ נישט געקאָנט שלאָפן.
ס׳איז מיר כסדר געשטאַנען פאַר די אויגן,
וואָס כ׳האָב אויפן וועג געטראָפן.

נאָר דערפאַר האָב איך שפּעטער — אין חלום,
געזען גאָר אַן אַנדער חופּה:
אַזויפיל גרויסע שטערן, ווייַן און קלעזמער,
די מחותנים טאַנצן און טופען.

און כ׳האָב געטראַכט — טאַקע אין חלום,
אויב דו וועסט, פּרומעטל, וועלן,
וועט אונדזער חופּה זיין נאָך שענער,
וואָרום מ׳וועט אין שיל זי שטעלן.

## תהילים

סרול־איסרס ווייב איז איינגעפאַלן,
זי ליגט אין הויכן פיבער;
איז ער אַריין צו אונדז מיט אַ יעלה:
קינדער, זאָגטס תהילים בציבור!

ר׳איז מבטיח פאַר איר ח״י קאַרבן,
ס׳טייטש, ער גלייבט נישט אין דאָקטער.
(נאָר עליע חכמהט זיך: זי וועט שטאַרבן,
אַ גביר האָט מזל, זאָגט ער).

איך אָבער וויל, זי זאָל געזונט ווערן,
זי גיט דאָך מיר צו עסן.
זאָג איך תהילים, גאָט זאָל דערהערן,
אַז ס׳זאָל איר ווערן בעסער.

כ׳האַלט שוין ביים קאַפּיטל ק״ג,
ביי „כרחם אָב על בנים״.
און איך קוק כסדר צום הימל
מיט געבעט, מיט כוונה.

צו יעדן קאַפּיטל, טייערינקע פּרומעט,
כ'בין מצרף אויך דיין תּפילה.
דו קענסט דאָך זיין ווייב — עטיע־בלומען,
אַ גוטע נשמה, אַ שטילע.

נו, און ער אַליין — סרול־איסר,
כאָטשע ער איז אַן עושר, —
איז דאָך דיין טאַטנס, דאַרפסטו וויסן,
כל־ימיו אַ ידיד אַ גרויסער.

פּרומעטל, נישט קיין פריילעך בריוול
וועסטו פון מיר איצט לייענען.
זיי מיר מוחל, וואָרום אין ישיבה
איז סמוטנע נאָר צו וויינען.

# אַ פידעלע

אויף רילעוויץ, ווו איך וווין,
פונעם גאָרן, לעם מיין טיר,
שפּילט דאָרט עמעץ שטיקעלעך,
צעגייט דאָס האַרץ אין מיר.

ס'אַ פידל, וויינט ער תמיד,
ווי מיט אַ מענטשלעך קול.
אַזוי שפּילן הער איך, פרומעטל,
כ'שווער דיר, ס'ערשטע מאָל.

מ'זאָגט, ס'איז אָשרקע קלעזמער,
ס'קען אים די גאַנצע שטאָט.
(כ'ווייס נישט, צי ער דאַוונט, איז
מיטן פידל דינט ער גאָט.)

גאַנצע שעהן שטיי איך אָפּ
און כ'ריר מיך נישט פון אָרט.
מיר דאַכט, דודס פידעלע
הער איך קלאָגן דאָרט.

אַ האָפּקע — איין אַ נאָווינע
דאָס פֿידעלע ווען שפּילט.
אַז יאָ, איז אויך דאָס פֿריילעכס
מיט עצבֿות אָנגעפֿילט.

טראַכט איך, אָשרס פֿידעלע,
מיט זיין באַהאַרצטן פּיין, —
מ׳דאַרף גאָר נישט קיין בעסערס,
ווען אונדזער חופּה וועט זיין.

## טויבן

כ׳שטיי איצט און קוק אויפן „מזרח״
מיט די שיינע געשניצטע טויבן,
וואָס וואָרקען איינס קעגן צווייטן
איבערן גילדענעם פּרוכת פון אויבן.

צוויי טויבן. נאָר די גאַנצע ליבשאַפט
פון שיר השירים איז אין זיי פאַראַנען.
פרומעטל, איך קוק אויף די טויבן
און כ׳בין זיי שטאַרק מקנא.

איך ווייס: קנאה איז כמעט עבודה־זרה,
אַ חטא און אַן עונש אַ שווערער,
נאָר כ׳קאָן מיך נישט אָפּקוקן פון די טויבן,
כאָטשע דאָס איז אַן עבירה.

די טויבן זענען דאָך בלויז לדוגמא
צוויי מענטשן אַ שטייגער — מירביידע;
ווי דאָס זענען דיינע טאַטע־מאַמע,
ווי געווען איז דיין באַבע, דיין זיידע.

אויפן שטענדער ליגט די גמרא אָפן,
מנחה־צייט גרויט אין די שויבן.
פרומעטל, מיר דאַכט, איבערן פרוכת
שטייען מירביידע פון אויבן.

# דאָס קאַרלינער שטיבל

פרומעטל, כ׳האָב ליב דאָס קאַרלינער שטיבל,
כאָטשע ס׳איז אַלט און שטייט שוין סקאָסנע,
ווי יאָסעלע דרייער, וואָס דליבעט „פּה נטמנס״
אין אַ ברעטל — אַ צעשמעקטער סאָסנע.

דער מאָך שיט זיך פון די קרומע טירן,
אַריינצוגיין — מוז מען זיך בייגן אין צווייען;
דער דאַך איז חרוב און די ווענט, נעבעך,
קוים שוין אויף די פיס וואָס זיי שטייען.

נאָר אינעווייניק — אַך, אַ פּראַכט, אַ מחיה!
עפּעס שוועבט דאָ תמיד אַ יונגער כוח.
אין יעדן ווינקל — אַ צדיק, יעדער בחור
ביי אַ ספר — איז אַן אָפענער מוח.

ס׳אָרון־קודש, דער עמוד, דער כיור אַפילו,
איז פול דאָ מיט קדושה, מיט יראה.
יעדער דומם, יעדער ציגל און שטויבל —
זינגט צו גאָט כביכול זיין שירה.

פרומעטל, כ׳האָב ליב דאָס קאַרלינער שטיבל,
דאָ דאַוונט מען הייס, מיט חסידיש פייער.
אַפילו נאָך אַ פּראָסטינקן מנחה־מעריב
באַקומט מען אַ נשמה אַ נייע.

היינט די שבתים מיט די שלוש־סעודותן,
די ניגונים, וואָס זענען נתעלה;
נישט איין מאָל זענען די דאָזיקע ניגונים
די פאַרהוילענע דרכים גאָטס מגלה.

פרומעטל, כ׳האָב ליב דאָס קאַרלינער שטיבל,
וואָרום אַלץ וואָס קאַרלין — איז אַצילות.
יעדער ייד דאָ זעט אויס, ווי אַ משיח
אין דער קדושה פון זיינע תפילות.

# קיווע קומט נאָך אַ חתן

ווי ער שטייט און גייט, אין דער בורקע,
איז ער נעכטן אַריין אין ישיבה,
ווי דו הערסט, פּרומעטל, מיטן פּיזשעלע,
דער זימניער אַרענדאַר קיווע.

נאָכן גוט־מאָרגן, האָט ער דעם טאַטן
עפּעס געזאָגט אויפן אויער
און תיכּף בקול רם: אַ בתולה, רבי,
מיין סאָבעלע, אַ יפת־תואר

(אַ פּאַס מיט אַ טויער, — האָט זיך עליע
צעשמייכלט אין די זשמעניעס),
און דער הייליקער רבי ווייסט מסתּם,
איך האַלט דעם גראַפס אימעניעס.

על כן, וויל איך אַ בחור — אַ צאַצקע,
איך פאַרלאָז מיך אויפן רבין.
און תּוך כּדי דיבור זיך פּאַוואָליע
צוגערוקט צום טאַטן דערלעבן.

דיין טאַטע האָט פאַרקנייטשט דעם שטערן
און געבליבן אַ פאַרקלערטער.
ער איז זיך טאַקע, הייסט עס, שוין מישב,
ווער ס׳זאָל זיין דער באַשערטער.

איך, טייערע, שטיי דאָך נישט אין צעטל,
עליע ווידער שפּילט אַ ליבע;
בלייבט אַביש געראַגל, דער בלידעווער,
אָדער בערקע תם אַכיבע.

נאָר זען זע איך, ער קוקט אויף מיר, קיווע,
און קלאָמפּערשט צום טאַטן קוקט ער.
ער הריזעט דאָס פּיזשעלע און שמייכלט
און אַלץ צום טיש זיך רוקט ער.

און שטיל איז געווען, אַז מ׳האָט געהערט,
כ׳זאָג דיר, ווי ס׳פליען די פליגן.
אַפילו דער תנא־ברא רעב עליע
איז געזיצן און געשוויגן.

און דיין טאַטע, נאָך לאַנגן ישוב־הדעת,
זאָגט בזה הלשון צו קיווען:
„פאַר לחיים ולשלום אַהיים. איוודעוואָך, בלי נדר,
בין איך דיר מבטיח אַ בריוול“.

און בעת ער האָט גענומען אָפּשייד, קיווע,
קוקט ער אַלץ אויף מיר, צום טאַטן,
ווי איינער רעדט: אָט דאָס בחורל, רבי,
וואָלט געווען אַ משא־מתן.

# דיין טאַטע דאַוונט

כ׳ווייס נישט, צי דו האָסט ווען געזען,
ווי דיין טאַטע דאַוונט,
ווי ער איז מדקדק יעדעס וואָרט
און אות באות מכוון.

דיין טאַטע איז דאָך, ווייסט מסתם,
כל־ימיו אַ קאַרלינער.
בעת ער וויגט זיך שמונה־עשרה,
רוט אויף אים די שכינה.

זיין קרעכץ איז ווי אַ ניגון,
אַ ניגון פון התלהבות.
און מיט אַ שמייכל וויגט ער זיך,
דינט ער גאָט באַהבה.

אַי, ווי ער איז זיך דאַן מתבודד
און קנאַקט מיט די פינגער, —
כ׳זאָג דיר, פון אונטער זיין מלבוש
זיינע רמ״ח אברים זינגען.

פון זיין תפילה, פון זיין ניגון,
נרעש ונפחד ווער איך.
און דיין טאַטע, דער ראש־ישיבה,
איז דאָך מיין מורה־דרך.

זיין באָרד פלאַקערט, ווייזט מיר אויס,
אין אַ שטיל הייליק פייער — — —
פרומעטל, דיין טאַטן, דעם צדיק,
כ׳האָב ליב אים אין־לשער.

## התנצלות

פרומעטל, אַז כ׳גיי נישט קיין פּאות,
האָב נישט דערפון קיין גריזאָטע.
ברי לי, אין קראַגן מיט דער מאַנישקע
בין איך פרום, ווי אין אַ קאַפּאָטע.

כ׳מיין, וואָס איז אַ חילוק דער הילוך,
אַ קראַגן, צי אַ פאַטשיילע?
טייערע, דער חוץ איז גאָרנישט חשוב,
נאָר דער תוך פון דער כלי.

אין דער כלי, גלייב מיר, איז דאָ יראה,
די גרויסע אַהבה צום בורא.
היינט, מיינע מידות טובות, פרומעטל,
מיין בקיאות אין דער תורה.

ס׳עפּעלע פאַלט נישט ווייט פון ביימעלע,
האָט ליב צו זאָגן מיין מאַמע;
ווייסט דאָך, מיין טאַטע, דער קאַרלינער,
איז פון יחוס — לומדים סאַמע.

און ווי יעקב האָט ליב געהאַט רחלען,
אַזוי האָב איך דיך ליב באמת;
כאָטשע טראָגן טראָג איך אַ פּריטשאָסקע
און פון פאות בלויז אַ רמז.

## צו ר׳ חיים־מענדלען

יראתי בפצותי, די האַנט ציטערט מיר, רבי,
ביים שרייבן דאָס דאָזיקע בריוול,
וואָרום איר קענט דאָך, גרויסער צדיק,
מיין דרך און מיין עניוות.

און איר קענט דאָך אויכעט מיין גזע,
דאָס גרעזל און זיין יניקה,
ובכן, וועל איך אָן אַ שורה מליצה
תיכף צוגיין צום עיקר.

ס׳איז מכוח אייער פרומעטלען טאָקע,
איר ליכט זאָל אייביק שיינען;
כ׳בין בטוח, מ׳האָט זי מיר מכריז געווען,
אַז זי איז דער זיווג מיינער.

מיר האָבן זיך ליב, זינט כ׳בין אין ישיבה,
ווי די אמתע צוויי טויבן;
איז מיין רצון — אייער הסכם, רבי,
איר ליבשאַפט מיר צו דערלויבן.

פרומעטל איז פרום, ווי אירע אמהות
און אַ צדקת, ווי איר מאַמע.
כ׳האָב דאָס נאָך געזען דעם ערשטן זמן,
ווען כ׳האָב געלערנט בבא קמא.

מיין טאַטע איז מרוצה. ער וועט נאָך כנהוג
שואל עצה זיין ביים אַלטן, זאָל לעבן.
איז וואַרט איך, רבי, איר זאָלט פרומעטלען
און מיר אייער ברכה געבן.

## „פּאַכני קאַפּייקע"

ווו מ'גייט, איז דאָרטן שטייט ער,
דער־אָ פּאַכני קאָפּייקע.
מ'זעט אים ביי די קאַזאַרמעס,
צומאָל ביי דער קאָלייקע.

אוי, ווי מ'שרעקט זיך פאַר אים,
כאָטשע שמעק־פּאָפּיר פאַרקויפט ער.
טילקע פרעגט מען אים עפּעס,
איז האָדיע, אַנטלויפט ער.

מ'זאָגט, אַלע לשונות קען ער,
און מאַכט זיך ווי אַ שטומער.
ס'אַ שפּיאָן פון פראַנץ יאָזעפן,
זאָגט לייבל דער קרומער.

(און אַז לייבל זאָגט, ווייסט ער,
ער לייענט אין די גאַזעטן,
וואָס קומען אָן פון וואַרשעוו
צום פּראָוויזער פון שטעטל.)

הײנט, בײ דער גרױסער טערמע,
כ׳זע אים שטײן און קוקן.
אױ, האָט ער שטערדישע װאָנצעס
און אַ בליק — מסוכן!

היט זיך, פֿרומעטל פֿאַר אים,
זאָלסט צו אים נישט קוקן.
אױ, האָט ער ביסטרע װאָנצעס,
אױגן — װאָס פֿאַרצוקן.

## מלחמה

מ׳רעדט, ס׳וועט אויסברעכן מלחמה
צווישן קירע און דעם צאַר,
שרייבט מיר די מאַמע פון ווילקע,
כ׳זאָל אַהיים קומען דערפאַר.

צי ס׳וועט טאַקע זיין אַ מלחמה,
בלויז פאַניע ווייסט עס דאָך.
נאָר לעת־עתה מיין קעסטל זאַכן
וועל איך מאַכן איוודעוואָך.

און ווען די אַקס וועט קומען,
ווייס איך נאָך נישט גענוי.
אָבער ווען זי זאָל נישט קומען,
וועט מיר סמוטנע זיין אַזוי.

און ווי שלעכט ס׳איז אַ מלחמה,
דאָס ווייס איך נישט, ווי דו.
כ׳וועל פעוונע נישט קאָנען אויסהאַלטן
אָן דיר — כ׳ווייס נישט ווו.

מירן מסתמא זיין אין ווילקע,
צי אפשר אין סעכעדאָל.
הלוואַי זאָל מען כאָטשע קאָנען
אַ בריוול שרייבן אַמאָל.

# אַ גאָלדענע מטבע

צום פֿאַרהערן מיך, אין מסכתא פּסחים,
איז געקומען סרול־איסר, דער גביר,
דיין טאַטע, ווי תמיד, אויך זימל שמש
איז געווען ביי מיין לעצטן שיעור.

יאָ, דעם זיבעטן פּרק, „כּיצד צולין״,
האָב איך, פֿרומעטל, געזאָגט פֿאַר זיי,
מיט רש״י, מיט תּוספֿות און „עין משפּט״,
אַנדערהאַלבן שעה, אפשר צוויי.

הערסט, כ׳האָב מיך גאָרנישט ספּאָטיקעט,
ווי אַ וואַסער האָב איך געזאָגט.
אַי, ווי ער האָט געשעפּט נחת, דיין טאַטע:
אַ מבין, סאַראַ קאָפּ ער פֿאַרמאָגט!

סרול־איסר האָט זיך אַזשע דעם שטריימל
צו דער פּאַטיליצע פֿאַררוקט.
און זימל — מיט חידוש, מיט אַהבה,
האָט כּסדר אויף מיר געקוקט.

כ׳זאָג דיר, עפּעס טאַקע נאָר ווי אַ מלאך
איז געשטאַנען ביי מיין זייט.
(כאָטשע דער אמת איז — אין פּסחים
בין איך בקי שוין אַ צייט).

נאָכן פאַרהערן, שוין בין מנחה למעריב,
ווען ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט, —
גיט מיר סרול־איסר אַ גאָלדענע מטבע,
בעת כ׳האָב די גמרא פאַרמאַכט.

און געזאָגט האָט ער, הער, כהאַי־לישנא:
„דו וואַקסט אַ מופלג, מיין קינד״.
און אַ צולאָג — אַ קנופּ אין די באַקן,
פּיל איך דאָס נאָך ביז אַצינד.

## אַ שטוב פונעם הימל

נעכטן, בעת מען האָט מיך פאַרהערט,
איז אַריין מיט אַ פּאַליש — זימל,
און אַ געשריי געטון: אוי, רבי,
אַ שטוב איז אַראָפּ פונעם הימל!

אַ וואָס? — האָט געפרעגט ס'רול־איסר,
וואָס איז געווען ביים פאַרהערן;
נאָר דיין טאַטע האָט זיך פּאַוואָליע
די בריל פאַררוקט צום שטערן.

אָפּגעזאָגט, איז ער ווי אַ ווינט — זימל,
תיכף אַרויס און אַנטלאָפן.
זענען מיר אויך אַרויס פון ישיבה
און געלאָזט די גמרות אָפן.

די באַן־גאַס איז שוואַרץ מיט מענטשן,
כסדר וואַקסט דאָס געווימל.
און אַלע, פרומעטל, בפה אחד:
אַ שטוב איז אַראָפּ פונעם הימל!

נו, ווייסטו כאָטשע, וואָס ס׳איז געווען?
אַ לופטבאַלאָן מיט סאָלדאַטן.
נאָר די דאָזיקע זאַך, האָב איך געזען,
האָט שטאַרק צערודערט דיין טאַטן.

ער איז אומגעגאַן מיט פאַרלייגטע הענט,
ווי אַ ווערבע איינגעבראָכן:
— דאָס קאָן נאָך, רחמנא־ליצלן,
קומען אין עטלעכע וואָכן.

ביינאַכט האָט מיך נישט גענומען קיין שלאָף,
קיין אויג נישט צוגעטון אַפילו;
ס׳האָט זיך מיר, טייערע, כסדר געדאַכט,
אַז מ׳גנבעט דיך צו חלילה.

# אַ נעדיזנע

פרומעטל, נאַ דיר אַ מטבע,
אויף תמיד גיב איך זי דיר.
די מטבע האָב איך געקראָגן
פון סרול־איסרן פאַר מיין שיעור.

פון אמת גאָלד איז די מטבע,
צענעם זי נאָר פונעם פאַפיר.
איך לאָז זי דיר אַ נעדיזנע,
זאָלסט נישט פאַרגעסן אין מיר.

כ׳גיב זי דיר מיטן גאַנצן האַרצן,
ס׳איז אַלץ וואָס איך פאַרמאָג!
קוק נאָר, טייערע, ווי זי בלישטשעט
קעגן דער שיין פונעם טאָג.

און פונקט ווי איר קלונג איז אמת
און אמת איז איר קאָליר,
אַזוי וועט זי פון מיין ליבע
אַן עדות זיין פאַר מיר.

און וועסטו, פרומעטל, בענקען,
ווי אַ טייבעלע — צו מיר,
וועט דיך די מטבע דערמאָנען
פון מיין בענקען אויך צו דיר.

## זיי געזונט

זע, די אַקס איז שוין נאָך מיר געקומען,
כ׳האָב שוין אויך מיין קעסטל אַרויפגענומען,
פרומעטל, זיי געזונט!

אויף די וועגן איז נישט רואיק, דערציילט כילקע,
און פאָרן דאַרפן מיר אַ מעת־לעת קיין ווילקע,
פרומעטל, זיי געזונט!

טשערקאַסן, זאָגט ער, אויף פערד, אין באַשליקעס,
דרייען זיך אויפן טראַקט, מיט לאַנגע פּיקעס,
פרומעטל, זיי געזונט!

אוי, ווי ס׳איז שלעכט, אַז מ׳דאַרף זיך צעשיידן,
ס׳פאַרנעמט ביים האַרץ און כ׳קאָן נישט ריידן,
פרומעטל, זיי געזונט!

כ׳זיץ שוין אויף דער אַקס, מיר גייען שוין פאָרן,
ווי אַ טויב וועל איך בענקען אַלע מיינע יאָרן,
פרומעטל, זיי געזונט!

כ׳וועל בעטן ביי גאָט און טון וועל איך תפילה,
ס׳זאָל דיר קיין שלעכטס נישט געשען חלילה,
פרומעטל, זיי מיר געזונט!

בוענאָס איירעס, 52—1951

# אינהאַלט:

## צעפּ און אויערינגלעך

## טויבן און מלחמה

## פון דעם זעלבן מחבר:

געזאַנג אויף דער ערד (לידער און באַלאַדעס), 1941

מיט לייב און לעבן (לידער און באַלאַדעס), 1943

אַ פייפל אין פרימאָרגן (לירישע פּערזן), 1944

ברויט מיט חלום (לידער פאַר קינדער), 1950

די וועלט פאַרבעט מיך שטאַרבן (לידער און באַלאַדעס), 1950
(ליטעראַטור־פּרעמיע „צבי קעסעל־פאָנד“, 1950)

